# אפרויא
# אלס אבוזאנע

און נאך וואונדער־שיינע מעשיות וואס אונזערע גרויסע חכמים האבען געזעהען און געהערט אין פער־שידענע געגענדע וואו זייא האבען גערייזט. געזאמעלט פון היילינע ספרים און בעארבייטעט

פון יהושע מזה.

# ווילנא

АФРАУ АЛСЪ ОБЕЗЯНЕ.

т. е. Женщина въ качествѣ обезяны.

Разсказъ О. Мейзаха.

Соб. Изд. Л. Л. Мацa.

# א.

דיא פארצייטיגע גרויסע חכמים האבען געמאכט ווייטע רייזען, כדי קענען צו לערנען גאטעס מעשים, זייא האבען געוואלט זעהען דיא וואונדערליכע נאטור דיא פערשידענע געגענדען אויף אלערלייא מענשען.

אמאל זיינען צווייא גרויסע חכמים רבי חייא אונ רבי יוסי זיינען געגאנגען אויף איין וועג צו זאמען, האבען זייא באגעגענט אמענשען וואס ער האט געטראגען לאנגע ציצית אונ אין זיין האנד האט ער געהאלטען כלי-זיין (געוועהר) אונ זיינע ליפפען האבען זיך געשאקעלט אזוי וויא ער וואלט ביידען ווי כטיגע געגענשטענדע.

— דאס איז ניט נאר אגלאטער מענש — האט רבי חייא געזאגט — ער איז ענטוועדער אגרויסער פרומער יוד, אדער ער איז אגרויסער רויבער, אמערדער, אגזלן.

— מיר זיינען פערפליכטעט יעדען מענשען צו אורטהיילען פון דער גוטער זייטע — האט רבי יוסי געזאגט — אלזא וואראום זאלסט דוא מיין הער, דעם מענשען רעכענען פאר ארויבער? פיללייכט טהוט ער אויך וויא אונזער פאטער יעקב האט געטאהן בעת אז ער איז געגאנגען געגען זיין ברודער עשו האט ער זיך צו בערייט מיט דרייא זאכען; מיט צנעשיינק, מיט תפלה צוא גאטט אונ מיט מלחמה, דיא וועלכיגע טהוט דער מענש, דער פאר טראגט ער אויף זיך דיא געוועהר.

דיא זיינען געקומען נעהענטער צוא דעם מענשען, זייא האבען (אבחאנע)

הָאבֶּען אִיהם גִינֶעבֶּען „שָׁלוֹם" עֶר אָבֶּער הָאט זַייא נִיט גִיעֶנְטְפֶערְט גָיט גוּט נִיט שְׁלֶעכְט.

— דָאס אִיז אַצַייכֶען — הָאט רבי חייא גֶעזָאגְט — אַז עֶר הָאט זִיךְ נִיט צוּ בֶּערַייט מִיט אַמַתָּנָה, דֶען וֶוען אֵיינֶער גִיבְּט דֶעם צְוַוייטֶען „שָׁלוֹם" אִיז דָאס וִויא אַמַתָּנָה, אוּנ דֶער מַאן אִיז דֶער צוּ נִיט גֶעזָאגְט.

— פִילֵייכְט — הָאט רבי יוסי גֶעזָאגְט — אִיז עֶר מִתְפַּלֵל, אָדֶער עֶר סַנְוֶרְת אִיבֶּער וָואס עֶר הָאט גִילֶערְנְט, דַארוּם ווִיל עֶר נִיט רֵיידֶען בִּיז עֶר וֶועט עֶנְדִיגֶען, דַארְפֶען מִיר אִיהם אוּרְטְהַיילֶען צוּם גוּטֶען.

זַייא זַיינֶען גֶעגַאנְגֶען וַוייטֶער צוּזַאמֶען אוּנ דֶער מֶענְשׁ הָאט צוּ זַייא קֵיין וָוארְט נִירֶעדְט.

רבי חייא אוּנ רבי יוסי הָאבֶּען זִיךְ אַבִּיסֶעל אָב גֶעשֵׁיידֶעט פוּן אִיהם אוּנ זַייא הָאבֶּען אָנְגֶעפַאנְגֶען לֶערְנֶען תּוֹרָה אוּנ רֵיידֶען גְרוֹיס חָכְמָה.

וִויא דֶער מַאן הָאט גִיהֶערְט דָאס זַייא לֶערְנֶען תּוֹרָה, אִיז עֶר גֶעגַאנְגֶען צוּ זַייא אוּנ הָאט זַייא גִינֶעבֶּען „שָׁלוֹם". —

— זָאגְט מִיר לִיבֶּע פְרֵיינְד — הָאט דֶער מַאן צוּא זַייא גֶעזָאגְט — וָואס הָאט אִיהר מִיר חוֹשֵׁד גִיוֶועןְ אַז אִיהר הָאט מִיר „שָׁלוֹם" גִינֶעבֶּען אוּנ אִיךְ הָאבּ אֵייךְ נִיט גִיעֶנְטְפֶערְט?

— מִיר הָאבֶּען דִיר חוֹשֵׁד גִיוֶועןְ — הָאט רבי יוסי גִיזָאגְט — דָאס דוּא בִּיסְט מִתְפַּלֵל צוּ גָאטט, אָדֶער דוּא חַזֶרְסְט אִיבֶּער בַּיין לֶערְנֶען דַארוּם הָאסְט דוּא נִיט גֶעוָואלְט רֵיידֶען מִיט אוּנְז.

— אִיךְ וֶועל אֵייךְ דֶעם אֶמֶת זָאגֶען — הָאט דֶער מַאן צוּא זַייא גֶעזָאגְט — אִיךְ הָאבּ אַמָאל גֶערַייזְט אוֹיף דֶעם וֶועג. נֵייעֶנְדִיג הָאבּ אִיךְ גֶעטְרָאפֶען אֵיינֶעם, הָאבּ אִיךְ אִיהם גִינֶעבֶּען „שָׁלוֹם" אוּנ יֶענֶער אִיז גֶעוֶועןְ אַרוֹיבֶּער, בִּין אִיךְ נָאכְדֶעם פוּן אִיהם **סיס**. (אַבּוּזאנע)

קים פרייא געוואָרען, ווייל איין שלעכטען מענשען באַרף מען קיין שלום געבען אונ דארום האָב איך אייך אויך קיין שלום גינעבען, ווייל איך האָב ניט געוואוסט ווער איהר זיינט, אונ וואס איהר טהוט, איך האָב אייך ניט גיהערט לערנענדיג, דארום האָב איך מיך פאר אייך געשראָקען, אונ דאס וואס איך האָב אייך ניט גיענטפערט, איז דיא אורזאכע געוועזען, ווייל איך האָב איבער געטראַכט מיין לערנען, נור יעצט אז איך האָב ניעגדיגט איבער חזרען וואס איך האָב גילערענט אונ פון אייך האָב איך גיהערט וויא איהר לערינט תורה, דארום גיב איך אייך שלום אונ וועל אייך ענטדעקען פיל סודות פון דער תורה.

דער מאן האט זייא ענטדעקט גרויסע סודות אין דער תורה וואס ביי זייא איז דאס געוועזען נייעס, זייא זיינען דער פון ענטציקט געוואָרען.

— געלויבט אונ געבענקט איז גאָטט — האט רבי יוסי געזאגט — וואס האט דיך צו געשיקט צו אונז. מיר האָבען פון דיר גיהערט נאַייע סודות.

איך דאנק אייך אונ לויב גאָטט — האט דער מאן געזאגט — פאר וואס איהר האט מיך געאורטהיילט צום גוטען, גאָטט זאל אייך אויך אורטהיילען צום גוטען



# ב.

רבי חייא אונ רבי יוסי זיינען געגאנגען צוא רבי שמעון בן יוחאי, זייא האָבען ביי איהם געטראָפען זיין זאהן רבי אליעזר אונ רבי אבא. זייא האָבען צו זאמען גילערינט תורה.

— קום מיט מיר — האט רבי שמעון געזאגט צו זיין זוהן — לאמיר זיין געזעגנען מענשען וואס ווייסן נישט צוא מיר פרעגען איין וויכטיגע פראגע.

— איך ווייס — האט רבי אבא געזאגט דאס מאל איז אלע מאל מיט איך, און צוא איך קומען נויטע מלאכים וואס ענטדעקן איך פיל סודות, דערום ווייסט איהר דאס מענש קומט צו איך פרעגען אוויכטיגע זאך, דארום ביטע איך ערלויבט מיר צו זיין מיט איך צו זאמען.

רבי שמעון האט איהם ערלויבט און זייא דרייא זיינען געגאנגען אויף דעם וועג.

ווייא זייא זיינען ארויס געגאנגען פון שטאדט האבען זייא גיזעהען ווייא א מענש קומט צו זיין נאהענט פון זייא. רבי שמעון האט איהם גערופען ער זאל צו זיין שנעלער צו איהם.

איך האב קיין צייט ניט — האט דער מענש געענטפערט — איך מוז זיין צו רבי שמעון בן יוחאי איהם פרעגען אוויכטיגע זאך.

— פרעג מיין קינד — האט רבי שמעון צו איהם געזאגט — דען איך בין דער מענש וואס דוא זוכסט.

דער מענש האט איהם גיפרעגט אגרויסע זאך און רבי שמעון האט איהם געענטפערט אזוי ריכטיג און טיפזיניג, אז דער מענש און רבי אבא האבען זיך פערוואונדערט צו הערען אזעלכע טיפע סודות, זייא האבען איהם דיא הענד געקושט פון גרויס ענטציקונג (התפעלות).

אמאל זיינען רבי יהודה און רבי יוסי געגאנגען אויף דעם וועג, האט רבי יהודה געזאגט: איך ביטע דיר עפען אויף דיין מויל און זאג מיר נייעס אין דער תורה, דען איך זעהע דאס דיא שכינה רוהט אויף דיין קאפף.

(אבוזאנג) רבי

רבי יוסי האט אנגעפאנגען זאגען גרויסע סודות אונ זייא ביידע האבען גירעדט פון דעם וויכטיגען געגענשטאנד ווען וועט קומען משיח, אין וועלכען יאהר אין זעכסטען טויזענד, זייא האבען גיקלעהרט גירעכענט, זיך פארגעשטעלט אויף וועלכען ארט קאן ער קומען אונ וויא אזוי וועט דיא וועלט אויס זעהען נאך זיין ערשיינען, אויף דער וועלט.

נייענדיג אונ ביידענדיג האט רבי יוסי גזאגט איך געדיינק וויא איך מיט מיין פאטער זיינען געגאנגען אויף דעם וועג, אז מיר זיינען געקומען אויף דעם ארט האט מיין פאטער צו מיר געזאגט אז איך וועל אלט ווערען פערציג יאהר וועל איך זוכה זיין צו דער גרויסער חכמה פון קבלה אונ פיל סודות אין דער תורה וועלין פאר מיר ענטדעקט ווערען, אבער ליידער איך בין שוין אלט פערציג יאהר אונ איך ווייס נאך קיינע סודות התורה, איך געדיינק נור דיא תורה וואס מיין פאטער האט מיט מיר גילערענט, אויך האט מיר מיין פאטער געזאגט דאס איך וועל געפינען אגרויסען אוצר וואס דארט וועל איך געפינען פיל חכמה, אונ ווען איך וועל דעם אוצר שוין האבען אונ וועל קאנען דיא חכמה פון קבלה אזוי וועט קומען אפייער צווישען מיינע פינגער. אונ דער אוצר וועט פון מיר פארלארען ווערען.

— ליבער פאטער! — האב איך איהם געפרעגט — וויא אזוי ווייסט דוא דאס אבא אבאך?

— צווייא מלאכים אין אגעשטאלט פון צווייא פויגעל האבען מיר דאס געזאגט — האט דער פאטער גיענטפערט — אונ זייא זיינען באלד אוועק געפלויגען.



## ג.

רבי יוסי און רבי יהודה זיינען טייטער געגאנגען זייא זיינען געקומען ביידע אהייל, רבי יהודה איז געבליבען שטיין ביי דער הייל, ער האט ניט געוואלט אהין אריין גיין, און רבי יוסי איז דארטען אריין געגאנגען.

דער הייל איז געוועזען זייער גרויס לאנג און ברייט. רבי יוסי איז געגאנגען ביז ענדע הייל, האט ער דארטען געזעהען צווייא גרויסע שטיינער, צווישען זייא איז גילעגען איין ספר ער האט דעם ספר גענומען האט ער גיזעהען אין איהם אויפגעשריבען צווייא און זיבעציג הייליגע נעמען (שמות הקדושים) וואס דער רבונו של עולם האט זייא געגעבען צו אדם הראשון און דאס איז געוועזען דער ספר פון אדם הראשון.

אין יענעם ספר איז געשטאנען פיל גרויסע סודות, ווער עס פאר־שטיים זייא ריכטיג קאן יענער וויסע'ן אלעס וואס עס איז געוועזען, און אלעס וואס יעטצט איז און אלעס וואס עס וועט זיין, דארום האט אדם הראשון געוואוסט וואס עס טהוט זיך אין הימעל און אויף דער ערד אדם הראשון האט געזעהען אלע דורות וואס אין זייא וועט טרעפען וויא לאנג דיא וועלט וועט שטיין, ער האט געזעהען אלע חכמים און סופרים וועלכע עס וועלען געבארען ווערען אויף דער וועלט ביז ויא וועט ווערען דוד וגו' צוזי וויא דיא איז פריהער גיוועזען.

רבי יוסי האט גענומען דעם הייליגען ספר און ער איז ארויס געגאנגען פון הייל, ער האט גיזעהען דאס רבי יהודה ווארט אויף איהם, האט רבי יוסי געזאגט צו איהם: יעטצט ווייס איך אז מיין פאטער האט אמת געזאגט. דאס איך וועל געפינען איין

אוצר פון קבלה : אט וואס דעם טייערען אוצר וואס איך האב געפונען .

אנאנצע צייט האבען זייא אבער געקוקט אין ספר, נאכדעם האבען זייא אנגעפאנגען צו שטעלען דיא בוכשטאבען ווי זייא ברויכען זיין געשריבען , ווען זייא וואלט געלונגען צו ענדיגען זייערע ארבייט ווען זיי וואלטען דיא אותיות צוא זאמען געשטעלט וויא עס בדארף צו זיין , וואלטען זייא געוואוקסט פיל גרויסע סודות אבער ווען זייא האבען אנגעפאנגען צוא לערנען דיא היילינגע נעהמען (שמות הקדושים) אונ דעם ספר האבען זייא געהאלטען אין זייערע הענד , פלוצלונג איז געקומען אגרויסער פייער אונ איין שטארקער שטורעם ווינד צווישען זייערע הענד אונ האט צוא גענומען דעם ספר פון זייערע הענד, דער ספר איז פאר שוואונדען געווארען , זייא האבען ניט געוואוסט וואו דער ספר איז געבליבען .

רבי יוסי האט אנגעפאנגען שטארק צו וויינען . אונ ער האט געזאגט : געוויס בין איך אזינדיגער מענש , ווייל איך בין ניט זוכה געוועזען צו לערנען פון דעם היילינגען ספר .

רבי יוסי אונ רבי יהודה זיינען געגאנגען צו רבי שמעון אונ זייא האבען איהם ערצייהלט דיא גאנצע מעשה וואס מיט זייא האט געטראפען :

— פיליכט — האט רבי שמעון געזאגט — האט איהר געוואלט ענטדעקען דעם קץ פון משיח ווען ער וועט קומען , דער פאר האט מען דעם ספר פון אייך צו גענומען , ווייל עס איז נאך ניט געקומען דיא צייט דערפון .

— איך וויים ניט — האט רבי יוסי געענטפערט — דען איך האב אלעס פארגעסען , איך געדיינק גאר נישט , נור דאס גידיינק איך אז דער ספר איז פון אונזערע הענד פאר שוואונדען געווארען .

— איהר זאָלט וויסען — האָט רבי שמעון געזאָגט — דאָס אין דעם דור וואָס משיח וועט קומען, וועלען אפילו קליינע קינדער וויסען דעם קץ, אונ פיל זאַכען וועלען אַרפּוּנגדען ווערין וואָס פון זייא וועט מען וויסען דעם קץ.



# ה.

רבי יוסי מיט רבי חייא זיינען אמאל געגאַנגען אויף דעם וועג, זייא זיינען געקומען אויף זייער אשיינע פעלד, דאָרטען האָט געוואַקסען אבוים וואָס ער האָט פון זיך אַרויס גיגעבען אגוטען ריח וויא באַלזאַם אייל.

— מיר דאַרפען דעם וואונדערליכען שיינעם בוים ניט אָן קוקען, אונ אויך פון איהם ניט הנאה האָבען, ווייל אונזער בית המקדש איז חרוב געוואָרען, אונזערע שטעדט זיינען פאַר וויסט געוואָרען. — האָט רבי יוסי געזאָגט — דאַרום דאַרפען מיר קיין פערגעניגען האָבען, מיר דאַרפען אויף קיין וואונדער שיינע זאַך ניט קוקען, מיר ברויכען נור וויינען אונ קלאָגען, וועט גאָטט אויף אונז בחסנות האָבען אונ ער וועט אונז שיקען משיח צדקנו במהרה בימינו.

זייא זיינען געגאַנגען ווייטער. האָבען זייא געטראָפען איין מאַן וואָס ער איז גיוועזען קראַנק, ער האָט געהאַט בכות אונ וואונדען אויף זיין פּנים, עס איז גיוועזען שרעקליך צו זעהען.

— ווער ביסט דוא ? — האָט רבי יוסי גיפרעגט —

— איך בין איין יוד — האָט דער מאַן געענטפערט.

(אבוואַנע)                                                                      ער

– ער איז אַזוינדינגער — האָט רבי יוסי געזאָגט צו רבי חייא, טייל זיינע וואונדען זיינען אויף זיין פּנים אָפענבאַר, אַלע קאָנען זעהען, איז דאָס קיינע יסורים של אהבה.

– דאָס איז אמת — האָט רבי חייא געזאָגט — ער איז אזוינדינגער מענש, אונ רבי חייא האָט געוויזען ראָיות (בּעווייזע) פון דער תּורה.

וויא דער יוד האָט דאָס געהערט, האָט ער צו זייא געזאָגט: וויא איך פאַרשטייא זיינט איהר דיא חברים פון רבי שמעון בן יוחאי. דער פאַר האָט איהר קיין מורא גיט מיר צוא זאָגען אַזוי קלאָהר דאָס איך בּין אַזוינדינגער, פאַרגעסט אָבּער ניט דאָס מיינע קינדער וועלין זיך נעפינען שטאַרק בּאַליידינט פאַר אייערע רייד. אונ זייא קאָנען צייך דער פאַר שטאַרק בּעשעמען.

– וואָס זאָלען מיר טאָהן? — האָבּען דיא צווייא חכמים געענטפערט — מיר זאָגען דאָס וואָס דיא היילינע תּורה שרייבּט, מיר קאָנען קיין חניפה ווערטער ריידען, דען דער מענש וואָס רעדט פאַלש, ער חנפעט דעם צווייטען, ער זאָגט איהם ניט דעם אמת, ווערט איהם גאָטט בּעשטראָפען אויף יענער וועלט, דאַרפסט דוא אַליין פאַר שטיין פאַר וועמען זאָלען מיר מעהר מורא האָבּען פאַר דיר אָדער פאַר גאָטט?

– אַך! — האָט דער יוד ניקרעכצעט — חער איז נאָך אַזא גרויסער גאָט וויא אונזער גאָט, ער איז מוחל דיא זינדע. ער פאַרצייהעט דעם מענשען זיינע חטאים, נור דער מענש מוז בּעקומען זיין שטראָף פאַר זיינע עבירות, אונ וואויל איז דעם מענשען וואָס ליידעט יסורים אויף דער וועלט חעט ער אויף

זֶענֶע װעלט גְעוְויסֶען פִיל גוּטֶעס וָואס גָאטט הָאט בֶּעשַׁאפֶען פַאר דִיא צדיקים



## ה.

דיא דְרַייא מֶענְשֶׁען זַיינֶען גֶעגַאנְגֶען װייטֶער אוֹיף דֶעם װעג צוּ זַאמֶען, זַייא הָאבֶּען גֶערֶעדֶט סוֹדוֹת אִין דֶער תּוֹרָה, רבי יוֹסי אוּנ רבי חייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעוואוּנְדֶערְט צוּא הֶערֶען פוּן אִיהם גְרוֹיסֶע חָכְמוֹת, זַייא הָאבֶּען זִיךְ נָאךְ מֶעהר גֶעוואוּנְדֶערְט וויא קוּמְט אַזַא גְרוֹיסֶער חָכָם צוּא אַצִייבֶען אוֹיף זַיין פָּנִים וָואס דָאס װייזְט אַז עֶר הָאט גֶעזִינְדִיגְט, זַייא הָאבֶּען דִיא זַאכֶע נִיט גֶעקָאנְט פַארְשְׁטֵיין רִיכְטִיג צוּ עֶרְקְלֶעהרֶען.

עֶס הָאט לַאנְג נִיט גֶעדוֹיעֶרְט זַיינֶען גֶעקוּמֶען דֶעם יוּדְ'ס קִינְדֶער, זַייא הָאבֶּען פִּיל תּוֹרָה אוּנ חָכְמָה גֶילֶערֶענְט, זַייא הָאבֶּען גֶעקָאנְט זֵייעֶר פִּיל קַבָּלָה, וויא זַייא הָאבֶּען נוּר אַקוּק גֶיגֶעבֶּען אוֹיף דֶעם פָּנִים פוּן זֵייעֶר פָאטֶער אוּנ אוֹיף דִיא צְוַוייא חֲכָמִים, הָאבֶּען זַייא בַּאלְד גֶעוואוּסְט וָואס זַייא הָאבֶּען גֶערֶעדְט אוּנ ווִיא דִיא צְוַוייא חֲכָמִים הָאבֶּען חוֹשֵׁד גֶיוֶועזֶען זֵייעֶר פָאטֶער פַאר זִינְדִיגֶען מֶענְשֶׁען, וָואס בֶּאֱמֶת אִיז עֶר גֶעוֶועזֶען אַגְרוֹיסֶער צַדִיק, עֶר הָאט קֵיין מָאל נִיט גֶעזִינְדִיגְט עֶר הָאט דֶעם צֵייכֶען אוֹיף זַיין פָּנִים נִיט פַאר דִינְט צוּ הָאבֶּען, נוּר צוּא עֶרְקְלֶעהרֶען פַאר דִיא חֲכָמִים דֶעם אוּנְשׁוּלְד פוּן זֵייעֶר פָאטֶער אוּנ װײזֶען זַייא אַז דֶער פָאטֶער אִיז אַגְרוֹיסֶער צַדִיק, הָאט דֶער יוּנְגְסְטֶער זָאהן גֶעזָאגְט: אִיךְ הָאבּ אַמָאל פוּן רבי יוֹסי גֶילֶערֶענְט, עֶר הָאט מִיר אַזוֹיא

געוואָנט עס טרעפט דאס אצדיק וואס האט קיין מאל ניט געזינדיגט ווערט געשטראפט מיט יסורים ווייא ער וואלט זיין אזינדינגער. ווייל ער האט געוואוהנט אין אשטאדט וואס דארטען זיינען געווען רשעים. דער צדיק האט זייא געדארפט זאגען מוסר, פיליכט וואלטען זייא תשובה געטאהן אונ געווארען ערהרליכע יודען, אבער אז דער צדיק האט זייא ניט געשטראפט, ווערט ער דערפאר געשטראפט, ער ליידעט פאר זייערע זינדע, דיא וועלכינע האט געטראפען מיט מיין פאטער, ער אליין איז אגרויסער צדיק, נאר זיינע שטאדט-לייט זיינען גרויסע רשעים. אונ ווייל ער האט זייא ניט געשטראפט דערפאר האט ער בעקומען איין צייכען אויף זיין פנים וויא ער אליין וואלט געווען איין גרויסער זינדינגער.

דער צווייטער זאהן האט אנגעפאנגען זאגען וויא גרויס דיא שטראף איז פון דיא מענשען וואס ריידען לשון הרע אויף דעם אנדערען, ער האט גיגעבען צו פארשטיין דיא צווייא חכמים דאס זייא האבען אונרעכט געטאהן פאר וואס זייא האבען זייער פאטער חושד געווען אומזאנסט, זייא האבען אויף איהם אפאלשע מיינונג געהאט, וואס זייא האבען איהם גירעכענט פאר איין רשע, ער האט זייא ערקלעהרט דאס זיין פאטער איז אגאנץ גרויסער תלמיד-חכם אונ אצדיק.

דער שטיינגער פון פיל מענשען איז ווען איינער זאגט שלעכטעס אויף דעם אנדערען, אונ עס קומט אדריטער וואס ער איז אגוטער פריינד פון דעם בעליידיגטען אונ פארטיידיגט איהם אונ ווייזט דעם ערשטען זיין טעות דאס ער האט דעם אנדערען באליידיגט אומזאנסט, ווייל דער ערשטער ניט מודה זיין אויף דעם טעות, ער פאנגט אן צו דיכפוטירען אונ דורך יענעמס פארטיידינונג

באַלײדיגט ער יענעם נאָך מער, ניט אַזױ װײנען ניט דיא גרױסע חכמים רבי יוסי און רבי חייא, קױם האָבען דיא קינדער פאַרטײדיגט זײער פאָטער אַז דער צײכען אױף זײן פּנים איז ניט פאַר זײנע חטאים, נור פאַר פרעמדע זינדע לײדעט ער, האָבען זײא זיך געפרײדט, און זײא האָבען דיא קינדער געקושט, און געבעטען מחילה זײער פאָטער.



## ו.

דיא צװײא חכמים האָבען צוא זאַמען געבײזט נײטער, גײענדיג אױף דעם װעג איז געקומען צוא זײא רבי אבא, זײא דרײא האָבען גײענדיג געטראַכטען אײן מאן װאָס האָט אױף זײן פּנים געהאַט אַ צײכען. רבי אבא האָט איהם אָנגעקוקט און ער האָט געזאָגט צו רבי יוסי׳ן: פאָלג מיך ליבער פרײנד, לאָמיר ניט גײן אױף דיא װעג װאו ער גײט, דען ער האָט אַ צײכען אױף זײן שטערן װאָס עס װײזט דאָס ער האָט געזינדיגט... ער האָט געטאָהן אַ שענדליכע זינד... װאָס פּאַסט ניט צו ערינערין אַזא מיאוסען ספּאָ..

— װען ער װאָלט געװען אַ יונגער מאַן — האָט רבי יוסי געזאָגט — און דענסטמאָל װאָלט ער בעקומען דעם שאָנדליכען צײכען אױף זײן שטערן װאָלט איך געגלױבט אױף איהם דאָס ער האָט אַ שענדליכע עבירה געטאָהן.: יעטצט אַז ער איז אײן אַלטער מאַן, װיא קאָן אַ מענש אין זײנע יאָהרען אַזא אײן עבירה מאַן (אבוזאנע)

טאהן ?... פארשיינליך טייטש דער צייכען אויף עפעס אנדערש, ניט אויף דיא שענדליכע עבירה ;

— איך וועל אייך זאגען — האט רבי אבא געזאגט, דאס איך האב רעכט וואס איך זאג דאס דער צייכען ווייזט אויף דיא שענדליכע עבירה... ניט אויף קיין אנדערע עבירה. אם וועט איהר באלד זעהען איך וועל מיט איהם ריידען אויספארשטען ביי איהם, עס איז מעגליך דאס ער וועט זיך מודה זיין, רבי אבא האט דעם מאן צו גערופען, דער מאן איז צוא געגאנגען נאהענט צו זייא.

— דוא זאלסט וויסען — האט רבי אבא צו איהם געזאגט — ווען אמענש זינדיגט אונ ער האט חרטה, איז איהם גאנץ מוחל זיינע זינד, ער דארף תשובה טאהן אונ אין זיין הערצען בארף ער טראכטען מיט אפעסטען בעשלוס דאס ער וועט מעהר ניט זינדיגען, דעמאלט נעהמט גאט צו זיין תשובה. אלזא בעט איך דיר דוא זאלסט מיר זאגען דעם אמת וואס בעטייט דער צייכען אויף דיין שטערען ?

— פון אייער פראגע — האט דער מאן געענטפערט — האב איך גרויס פארדרוס, איך ערקענער מיך מיין אונגליק וויא איך בין אריין געפאלען אין איין שענדליכע עבירה, וואס דאס איז אשאנדע פאר יעדען מענשען צו טאהן אזא זאך.

— דורך דיא ערקענונג — האט רבי אבא געענטפערט קאנסט דוא גליקליך מאכען דיין נשמה. איהר ארום וואשען דעם גרויסען פלעק וואס זיא האט באקומען דורך דיין שענדליכע זינד, איך וועל דיר העלפען דער צו דאס דיין פלעק זאל געזעגליך זיין ווערען, אונ דיין צייכען אויף דעם שטערען זאל פון דיר אפגעטאהן

סערען, נור איך מוז דער צוא וויססען קלאהר אונ ביישלוך זיין עבירה.

— איך וועל אייך אלעס ריכטיג ערציילען — האט דער מאן געזאגט — דורך מיינע איין איינענע שוועסטער בין איך אונגליקליך געווארען, זיא האט מיין נשמה פאר פלעקט וואס מיר איז שווער אבצורייניגען, איך שעם מיך אבער צוא ערציילען דיא מעשה.

— בעסער וועסט דוא זיך שעמען איצט — האט רבי אבא געזאגט — אונ דוא וועסט ניט ברויכען זיין פארשעמט פאר גאנץ אלע מאל.



ז.

דער מאן האט אנגעפאנגען ערציילען:
מיינע עלטערען זיינען געוועזען זייער ארעם דיא האבען געהאט נאר צוויא קינדער, מיך אונ אמאכטער רוחמה, מיינע עלטערען זיינען געווארען קראנק אונ ביידע אין איין וואך געשטארבען איך אונ מיין שוועסטער רוחמה זיינען געבליבען ארעמע עלענדע יתומים, מיר האבען ניט געהאט אפילו איין פעניג צו קויפען ברויט, מיר האבען געליטען הונגער, צוייא טעג האבען מיר געפאסט.

— ווייסט דוא וואס איך העל דיר זאגען מיין ליבע שוועסטער, — האב איך צוא איהר געזאגט — איך וועל גיין

אין וואלד צוא ועאַמען קלייבען שוועמלעך, וועלין מיר דאס האבען אונ דער מיט וועלען מיר שטילען אונזער הונגער:

— ביין צצה ניפעלט מיך — האט רוחמה נעזאגט פיליבט וועלען מיר געפינען אין וואלד אזוי פיל שוועמליך אז מיר וועלען נאך קאנען דער פון צביסעל פארקויפען, וועלען מיר האבען אביסעל געלט צוא קויפען ברויט אונ אנדערע נויטוועגדינע זאכען. דארום לאמיר ביידע גיין אין וואלד.

יעדען טאג פלעגען מיר גיין אין וואלד קלייבען שוועמלעך, דער צו האב איך מיט געניטען אַסאך איך האב אנגעהאקט אביסעל האלץ וויא פיל איך קאן טראגען אויף זיך, מיר פלעגען פאר קויפען אביסעל האלץ אונ אביסעל שוועמלעך, דיא איבעריגע האבען מיר באנוצט פאר זיך. אזוי האבען מיר נאך געשפיינט פיל קאנאטען.

אמאל זיינען מיר געגאנגען אין וואלד. אונ מיר האבען ביא דיא ברעגעס וואלד קיין שוועמלעך געפונען, זיינען מיר געגאנגען טיפער אין וואלד, וואס ווייטער איז דער וואלד געווען געדיכטער, דיא זונ האט אָנגעפאנגען ארונטער צוא גיין. מיר האבען געוואלט גיין אהיים, פלוצלונג האבען מיר דער זעהען איין גרויסען בער איז ניט ווייט פון אונז, מיר האבען זיך שטארק דער שראקען:

— וואס טוט מען שוועסטער? — האב איך ניפרעגט ציטערענדיג — וואו געפינט מען רעטונג? אנטלויפען איז קיין צייט מעהר פאר אונז, פיליבט וועל איך מיר נענען איהם שטעלען מיט מיין האק מלחמה האלטען?

(אבוו נע)

— דאס איז קיין פּלאן — האט זיא געזאגט — בעססער לאמיר ארויפשטייגען אויף אהויכען בוים. אט דוא קריך אויף דעם בוים אונ איך וועל אויף דעם צווייטען בוים ארויפשטייגען.

איהר עצה איז מיר געפעלינ געוועזען. איך בין ארויפגעשטיגען אויף אהויכען בוים אונ זיא האט אויך ארויפגעשטיגען אויף איין צווייטען הויכען נידריכטען בוים, מיר האבען אונז געקאנט זעהען אונ ריידען איינער מיט דעם אנדערען.

— דוא ווייסט רוחמה — האב איך צוא איהר געזאגט — מיר דוכט זיך אז דיא חיה איז ניט אבער, עפעס אנאנדער מין באשעפעניש, ווייל איך זעה ביי איהם איז אלאנגער עק פיל ליינגער וויא ביי אבער, אט זעה ער האט שנעל ארויפגעקלעטערט אויבען אויף דעם בוים אונ ער האט געדרייט מיט זיין קאפף הין אונ הער וויא ער וואלט עפעס זוכען, זעה נאר וויא שנעל ער איז אראפּ געשטיגען פון בוים אונ ער קלעטערט אויף איין צווייטען בוים, ער איז גאנץ אויף דעם שפיטץ בוים ארויפגעשטיגען אונ ער קוקט פון אלע זייטען, ער זוכט איך ווייס ניט וואס.

— איך זעה אויך — האט רוחמה געזאגט — אז דיא חיה איז ניט אבער. נור וואס איז אונז דער אונטערשייד? זאל זיין וואס דאס איז אויף יעדען פאל זיינען מיר פארלארען.

איך האב קיין טעות געהאט — האט דער מאן ווייטער ערציילט, דיא חיה איז געוועזען ניט אבער, נור דער בעריהמטער נארילע, (אזא מין אבוזאנע) ער האט ליב צו פאנגען לעבעדיגע פרויענצימער, אונ דער נארילע בענוצט זיך מיט זייא זייער עדעל אונ מילד, ער בעהאנדעלט אפרויענצימער וואס פאלט אריין אין זיין האנד, מיט דיא גרעסטע פריינדשאפט וויא

(אבו אגנע) אפיינער

אַפּיינֶער עֶדעלֶער גוּמהֶערצִיגֶער מאַן בֶּעהאַנדעלט, זיין גֶעלִיבְּטֶע פְרויא . . . ער בֶּעוואַרְנְט איהר עֶסֶען אונ טְרִינְקֶען, ער נִייט צוּם פוּן וואַלד אונ בֶּערוּיבְּט פוּן דיא בֶּעזונְדֶער וֵייעֶרֶע קְלֵיידֶער אונ שְׁפַּייז אונ בְּרֵיינְגְט דאס זיין גֶעפַאנְגֶענֶע פְּרוֹיעֶנְצִימֶער, ער הִיט איהר וְויא זֵיינֶע אוֹיגֶען אִין קאָפּף, צוּא לִיבּ איהר שְׁטְרייט ער אָפְטְמאָל גֶעגֶען אַטִיגֶער אָדֶער אַלֶעמְפֶּערְט וָואס ווילֶען בֶּעפַאלֶען אוֹיף זיין גֶעפַאנְגֶענֶע איהר צוּ בייסֶען, דאס גְרֶעסְטֶע טְהייל בֶּעזִינְט ער זיין פֵיינְד, דען ער אִיז גְרוֹיס אונ זֵייעֶר שְׁטַארְק, ער הָאט אַקְרַאפְט אָב צוּ בְּרֶעכֶען פוּן אַבּוֹים אַדִיקֶען צְווַיינג אונ דער מִיט שְׁלָאגְט ער טוֹיט זיין פֵיינְד. ער איז זֵייעֶר גֶעשִׁיקְלִיךְ צוּ קְלֶעטֶערֶען אוֹיף בּוֹימֶער וִויא ווייט ער וִויל, ווייל זֵיינֶע נֶעגֶעל זֵיינֶען גְרוֹיס אונ שַׁארְף, אַפְּרוֹיעֶנְצִימֶער וָועט ער קֵיין מָאל נִיט טוֹיטֶען, ווייל ער הָאט לִיבּ אִיהרֶע גֶעזֶעלְשַׁאפְט ער הָאט פֶערְגֶענִיגֶען מִיט איהר צוּ אַמֶעזִירֶען זִיךְ . . .

דער גאריללע איז אַרוּמְגֶעלָאפֶען פוּן אֵיין בּוֹים צוּם צְווַייטֶען, ער הָאט פוּן ווייטֶען גֶיזֶעהֶען מִיךְ אונ מיין שְׁוֶועסְטֶער איז ער גֶעלָאפֶען איהר הַאפֶּען, ער הָאט נִיט גֶעזֶעהֶען וויא מיר זֵיינֶען אוֹיף דיא בּוֹימֶער אַרוֹיפְגֶעשְׁטִיגֶען, דער פַאר הָאט ער אוּנְז גֶעזוּכְט אוֹיף עֶטְלִיכֶע בּוֹימֶער, בִּיז ער הָאט מיין שְׁוֶועסְטֶער גֶעפוּנֶען, הָאט ער איהר גֶענוּמֶען מִיט גְרוֹיס עֶרְבַּארֶעמוּנְג אונ מִיט דיא גְרֶעסְטֶע פָארְזִיכְט איז ער מִיט איהר אַרָאפְּגֶעשְׁטִיגֶען פוּן בּוֹים, מיר הָאט ער שׁוֹין גָאר נִיט גֶעזוּכְט, ער איז גִיוֶוען צוּ פְרִידֶען מִיט זיין רוֹיבּ, ער איז מִיט איהר אַנְטְלָאפֶען טִיף אִין וואַלד אַז אִיךְ הָאבּ זִייא מֶעהר נִיט גִיזֶעהֶען, מִיט גְרוֹיס שְׁרֶעק אונ מִיט שְׁרֶעקְלִיכֶע שְׁמֶערְצֶען הָאבּ אִיךְ צוּרִיק גֶעקֶעהרְט אִין שְׁטָאדְט, וָועמֶען אִיךְ הָאבּ דיא מַעשה עֶרְצֵיילְט הָאט יֶענֶער נִיט

נעגלויבט (אבוזאנגע)

געגלויבט, ער האט פון מיר געלאכט אונ געזאגט דאס געוויס האט זיך דאס מיר געחלומ'ט.



# ח.

נאך דעם שרעקליכען צו פאל — האט דער מאן ווייטער ערציילט — פלעג איך יעדען טאג גיין צום טייך נעבען וואלד אונ האב געקוקט אויף יענע זייט טייך אויף דעם וואלד, איך האב ג״נוג געוויינט אונ געקלאגט, איך האב אן מיין שוועסטער גיט פאר געסען, אזוי זיינען דרייא יאהר פערגאנגען, איך האב מיינע צרות קיינעם ניט געקאנט ערציילען ווייל קיינער האט מיר ניט געגלויבט, אמאל בין איך צו געגאנגען צום טייך האב איך דער זעהען מיין שוועסטער איז שנעל צו געלאפען צום טייך אונ איז אריין אין וואססער וויא ווייט זיא האט געקאנט, איך האב שנעל גענומען אקליינע שיפפעל אונ בין צוא געשוואומען אויף יענער זייט טייך, איך האב איהר אריין גענומען אין שיפפעל אונ איך האב דיא שיפפעל געפיהרט צום ברעג, פלוצלונג האבען מיר דער זעהען וויא דער גאריללע איז געקומען צו לויפען צום ברעג טייך, ער האט געהאלטען זיינע צוויא קינדער אין זיינע לאפעס, ער איז געשטאנען בייא דעם ברעג אונ ער האט יאמערליך געשריען מיט אלע זיינע קרעפטע אונ אז ער האט געזעהען דאס אונזער שיפפעל איז שוין ניט ווייט פון ברעג, האט ער גענומען

(אבוזאגע) דיא

דיא צווייא קינדער זיינע אונ ער האט זייא צוא ריססען אונ געוואָרפען אין טייך .

אלאנגע צייט איז ער געשטאנען אויף יענע זייט טייך ביא דעם ברעג, נאכדעם איז ער מיט אומרוים געשרייא אריין געלאפען צוריק אין וואלד .

מיין שוועסטער האט עטליכע מאל געמעלעשת, איך האב איהר קיים ערמינטערט, נאכדעם האט זיא מיר ערציילט דאס אין אנפאנג פלעגט איהר דער נארילע זייער שטארק היטען . ביז זיא האט איהם געבארען צווייא קינדער, נאכדעם פלעגט ער איהר מיט נעהמען זיין רויבען אויף דעם וועג, ווען ער האט געפונען מיט איין מאל אלס וואס ער האט געברויכט פלעגט ער גיין מיט איהר אין זיין וואהנונג, אבער ווען דיא רויב איז געווען ווייניג, פלעגט ער דיא רויב לאזען ביא איהר אונ ער פלעגט גיין נאך איין מאל אויף דעם וועג סאמען אונ רויבען, ביז אם ענדע האט ער איהר צו געפיהרט ביא דעם ברעג וואלד וואס שטייט נעבען טייך אונ ער איז געגאנגען רויבען. האט זיא געפונען אגוטע געלעגענהייט צו אנטלויפען פון איהם.

אט זיא מיין שוועסטער – האט דער מאן ווייטער ערציילט איז פריהער געוועזען שיין אונ ערליך, אזויא איז זיא פערענדערט געווארען, דער דרייא יעהריגער לעבען אין וואלד מיט דעם נארילע האט איהר צוא גענומען דעם גאנצען מענשליכען געשטאלט, זיא האט פערלארען איהר שיינהייט, דיא מענשליכע רעליגיעזע געפיהל איז גאר אנדערש געווארען . . : זיא איז געווארען פרייא געוואנען. ביא נאכט האב איך איינגעשלאפען

אונ אין דער פריה האב איך געזעהען דאס זיא האט מיין גשמה פאר פלוקט מיט איין שענדליכע עבירה. . . איך האב מורא געהאט פאר איהר , אט דיא עבירה האט מיר דעם צייכען געמאכט , וויא דיא חכמים זאגען : ווען אמענש טהוט איין זינד , זא שטייט דיא זינד אויף געשריבען אויף זיין שטערען . נאכט האט מיך געשטראפט מיט דעם צייכען . איך האב געפרעגט ביי אגרויסען דאקטאר וואס איך זאל טאן דער צוא האט מיר דער דאקטאר גינעבען ארפואה , נור איך האב איהר נאך ניט געברויכט וויא ער האט מיר בעפוילען צו טאהן , נייל אויף דעם וועג קאן איך זיינע מיטלען ניט ריכטיג געברויכען .

— ווער איז דער דאקטער ? — האט רבי אבא געפרעגט — אונ וואס איז זיינע מיטלען ?

— דער דאקטער — האט דער מאן געענטפערט — איז רבי שמלאי , זיינע רפואות זיינען תשובה׳ ער האט מיר געראטהען איך זאל תשובה טאהן , וויינען , אונ בעטען נאכט ער זאל מיר מוחל זיין אונ מיט דיא טרעהרען זאל איך וואשען דעם צייכען , וועט דער צייכען פאר גיין , איך וועל געזונד ווערען וויא פריהער

— דיא רפואה — האט רבי אבא געזאגט — קאנסט דוא אויף דעם וועג אויך געברויכען , נאט איז איבעראל , אונ ער הערט דיא תפלה צו יעדער צייט אונ פון יעדען ארט .

דער מאן האט שטארק געוויינט , אונ האט זיך מיט דיא טרעהרען געוואשען זיין צייכען .

— יעצט וועל איך זעהען — האט רבי אבא געזאגט — אויב דוא האסט תשובה געטאן מיט דיין גאנצען הארצען אדער ניט , זאג דבייא מאל דיא היילינע ווערטער ווער צונך וסטארה

תְּכַפֶּר, דאס הייסט אונ עס וועט גענומען ווערען דיינע מיסעטאחט אונ דיינע זינדע וועט ווערען פארגעבען.

דער מאן האט געזאגט וויא רבי אבא האט איהם געבאגהען אונ דער צייכען פון שטערען איז פאר שוואונדען.



# ט.

— איך זעהע קלאהר — האט רבי אבא געזאגט — דאס נאכט האסט דיין תשובה אנגענומען, ער האט דיר דיינע עבירות מוחל געוועזען, יעצט וואלט פאר דיר וייער גוט געוועזען דוא זאלסט זיך בעשליסען צו לערנען תורה.

— איך פאלג אייך — האט דער מאן געזאגט — פון היינט אן אונ ווייטער וועל איך לערנען תורה.

— וויא איז דיין נאמען? — האט רבי אבא געפרעגט.

— מיין נאמען איז אליעזר — האט דער מאן געענטפערט.

— דער נאמען דיינער בעדייטעט — האט רבי אבא געזאגט — דאס נאטט האט דיר געהאלפען *) פאר צוא ווערען פון דיין שענדליכען צייכען אונ ער וועט דיר העלפען צו לערנען תורה.

רבי אבא האט איהם גיבענשט אונ אליעזר איז פון איהם אוועק געגאנגען מיט דעם פעסטען בעשלוס צו ווערען א מתמיד אין לערנען.

אליעזר

*) דער ווארט „אליעזר" הייסט „אלי" גאטט „עזר" הילף.

(אבוזאנע)

אליעזר איז געקומען נאך הויזע האט ער גיזעהען דאס זיין שוועסטער איז שטעק געלאפען אין וואלד זוכען איהר געליבטען נארילע, זיא האט ניט געקאנט מעהר וואהנען אין שטאדט מיט מענשען צו זאמען, דער וואלד איז איהר בעססער געפעלען געוועזען!!...

צעהען יאהר צייט איז פערלאפען פון דער צייט דאס רוחמה איז אנטלאפען צו ריק אין וואלד.

דיא גאנצע צעהען יאהר האט אליעזר גילערענט מיט גרויס התמדה, ער איז געווארען אגרויסער תלמיד חכם, און אגרויסער צדיק, ער פלעגט שטענדיג זאגען שארפע מוסר זיינע שטאדט לייט, אלע איינוואהנער פון זיין שטאדט פלעגען קומען הערען זיינע דרשות, און זייא האבען געהאט דער פון זייער גרויסע גייסטליכע פערגעניגען.

אמאל איז רבי אבא געקומען אין דער שטאדט וואו אליעזר האט געוואהנט. רבי אבא האט גיהערט דאס נאך תאלבען טאג וועט דרשענען אין שוהל רבי אליעזר דער גרויסער תלמיד חכם, איז רבי אבא געגאנגען איהם הערען ער איז געקומען אין שוהל, האט ער גיהערט וויא רבי אליעזר דרשעת און ער זאגט: ווייא איז דיא מענשען וואס לערנען גיט דיא היילינע תורה. ווייא געשריצן אויף יענע לייט וואס דיינקען גיט אן דיא שטראף וואס צוא מענש וועט האבען אויף יענע וועלט, זייא זיינען נארען, פארשטייען ניט, זייא זיינען אזוי דום אז זייא ווייסען ניט וואס זייא זעהען, צום בייספיל זייא זעהען דאס דער רשע נייט ארויף הויך אין רייכקייט, ער בליהט וויא גראז וואכסט איבער נאכט, עס איז איהם גוט אין פיל געבענשטענדע, ער איז געזונד און לעבט גליקליך, און דעם צדיק גייט ניט גוט, ער איז ארעם און קראנק, ליידעט יסורים און צרות, מיינען דיא

(אבוזאנע) נארען

נארען אז פאר דעם מענשען איז בעסער צוא זיין א רשע ווייא צו זיין א צדיק, אבער זייא האבען א טעות, גאט שטראפט דעם צדיק אויף דער וועלט כדי ער זאל האבען מעהר עולם הבא, אלזא איז פאר איהם דיא יסורים א גרויסע טובה, אונ דעם רשע גיט גאט גוטעס אויף דער וועלט איז דאס פאר איהם א גרויסע רעה, ווייל ער פארשפילט יענע וועלט אין גאנצען, אונ דאס איז דארום ווייל ער לערענט קיין תורה, ווען ער וואלט תורה גילערענט וואלט איהם דיא תורה בעשיטצט פון אלע זיינע אונגליקען, ער וואלט זיך געקויפט פיל עולם הבא. אבער אז ער לערענט ניט דיא תורה פאלט ער אריין אין נעטץ פון דעם יצר הרע, אמאל זינדיגט ער במזיד, דאס הייסט מיט זיין גוטען ווילען, אונ אמאל בשוגג; ער ווייסט ניט אז ער זינדיגט, דיא עבירה מאכט איהם א צייכען אויף זיין שטערען, אזוי ווייא עס וואלט זיין אויף געשריבען ביז ער טהוט תשובה מיט זיין גאנצען הערצען, ער וויינט פאר גאט אונ ער נעהמט זיינע טרעהרען אונ וואשט זיך דער מיט אויף זיין צייכען אונ דער צו זאגט ער דרייא מאל ומר עונך וחטאתך תכפר, דענסטמאל איז איהם גאטט ברוך הוא וברוך שמו מוחל זיינע עבירות.





נאך זיין חדשה איז רבי אבא צו געגאנגען צו איהם אונ ער האט איהם געדאנקט פיר זיינע קלוגע רייד, אונ ער האט בייא איהם גיפרעגט:

(אבוזאנע)

— ווּיא איז אייער נאָמען —?

— מיין נאָמען איז — אליעזר.

— זאָגט מיר — האָט רבי אבא גיפרעגט — פון וואַנען ווייסט איהר אַז דער בעל תשובה דאַרף זיך וואַשען זיין צייכען מיט זיינע טרעהרען דאַן פאַרשווינדעט דער צייכען? —

— מיט מיר זעלבסט האָט אַזאַ מעשה געטראָפען — האָט רבי אליעזר געענטפערט — איך בין איין מאָל אויף דעם וועג געגאַנגען האָט מיר באַגעגענט אַגרויסער תּלמיד חכם, ווּיא ער האָט מיר גיזעהען האָט ער באַלד ערקאַנט פון אַצייכען אויף מיין שטערען דאָס איך האָב געטאָהן אַגרויסע עבירה ער האָט מיר דיא רפואה גיגעבען, דאָס הייסט מיר געבאָטהען צוא טאָהן אַזוי ווּיא איך האָב געזאָגט אין מיין דרשה, און מיר האָט דאָס געהאָלפען, דער צייכען איז פאַרשוואונדען.

— ווען איהר וואָלט זעהען יענעם תּלמיד חכם — האָט איהם רבי אבא געפרעגט — וואָלט איהר איהם ערקאַנען?

— עס איז שוין אַפילו אַוועק געלאָפען מעהר ווּיא צעהען יאָהר — האָט רבי אליעזר געזאָגט — און אין אַזאַ לאַנגע צייט ווערט אַמענש פיל פאַר ענדערט, דאָך גלויב איך דאָס איך וואָלט איהם ערקאַנען. ווייל זיין געזיכט שטייט מיר פיל מאָל ענטגעגען, איך קאַן איהם ניט פאַרגעסען ווייל ער האָט מיך גליקליך גימאַכט מיט זיין עצה.

— עס איז מעגליך — האָט רבי אבא געזאָגט — דאָס איהר זייט יענעם ראָטה-געבער דאַנקבאַר. נור דאָס ווייס איך געוויס אַז איהר וואָלט איהם ניט ערקאַנען.

— פון וואַנען ווייסט איהר דאָס אויף געוויס? — האָט רבי אליעזר גיפרעגט.

(אנט זאגע) נמר

— נאָר פּשוט — האָט רבי אבא גיענטפערט — ווייל איהר ערקאנט מיך ניט, א סימן וועל איך אייך זאגען אז איהר האט מיר דענסטמאל ערצייהלט אלאנגע מעשה מיט אייערע אשוועסטער, וויא אזויא זיא איז אנטלאפען פון וואלד. אונ דער נארילע האט איהר גענאנט ביז דעם טייך, געדיינקט איהר אדער ניט?

רבי אליעזר האט איהם ערקאנט, ער איז איהם געפאלען אויף זיין האלדז געקושט אונ געוויינט. אט יעטצט — האט רבי אליעזר גענאנט — ווייס איך אייך דאנקבאר צו זיין פאר אייער גוטע עצה וואס איהר האט מיר געבאטהען צו לערנען תורה, באמת האב איך דענסטמאל נאר ניט געקאנט פארשטיין דעם אמת'ן גליק דער פון, דיא גאנץ גרויסע פערגעניגען וואס דער לערנער האט אלע מאל פון דער הייליגע תורה דאס פיל איך יעטצט, אלזא פערלאנג איך פון אייך רבי אבא איהר זאלט מיר טאהן דעם כבוד אונ דאס פערגעניגען, וויא לאנג איהר וועט פרויבען זיין אין אונזער שטאדט זאלט איהר זיין מיין גאסט איך וועל אייך האלטען וויא מיינעם איין איינגענעם פאטער.

רבי אבא האט איין געוויליגט צו בלייבען ביי רבי אליעזר'ן אלאנגע צייט, זייא האבען גילערענט צוזאמען תורה אונ חכמה אונ רבי אליעזר האט איהם פיל כבוד גיגעבען.



## יא.

אין יענער שטאדט וואו רבי אליעזר האט געוואהנט איז ניטצען ארום שטאדט אגרויסער געדיכטער וואלד, אין יענעם וואלד

(אבוזאגע) האט

האט זיך אויף געהאלטען דיא גרויסע אפפע (אבעזאנע, מאלפע) וואס זיא איז בערימט מיט דעם נאמען גאריללע, פיל יענער פון נאהענטע אונ פון ווייטע געגענדע, פלעגען קומען צו פאהרען אין שטאדט אונ זיינע געגאנגען אין וואלד פאנגען דיא אפפען גאריללע', מיט איהם אליין איז אפילו גיווען זייער שווער צוא שטרייטען, ווייל ער איז גרויס אונ שטארק נור זיינע קליינע קינדער דיא יונגע גאריללען פלעגען זיא פאנגען, זיא פלעגען זיך פאר שטעקען אין אפארבארגענעם ארט אונ אז זיא האבען גיזעהען דאס דער גאריללע איז אוועק געגאנגען רויבען, זיינען דיא יענער בעפאלען דעם ארט וואו ער האט געלאזען זיינע קליינע קינדער; דיא יענער האבען אויף דיא יונגע אפפען ארויף געווארפען שווערע קייטען כדי בריינגען זיא אין שטאדט אריין, זיא האבען דארט געפונען דיא טוכטער פון דיא יונגע אפפען. זיא האבען זיך געוואונדערט צו זעהען איהר געשטאלט, זיא איז ענהליך מעהר צוא מענשען געשטאלט ווי צוא אפפען געשטאלט, אויך איהר שטימע איז אקוראד ווי א מענשענרעדט, נור דיא ווערטער איז ניט צו פארשטיין, דיא גאנצע וואך פון וואלד אין שטאדט, האט זיא געריעדט נור צוייא ווערטער זיא האט מיט צמשונעהם קול געזאגט: ב-ר-ו-ד-ע-ר א-לי-ע-ז-ר, דיא גאנצע שטאדט איינוואהנער זיינען געגאנגען אין טהיר גארטען זעהען דעם שרעקליכען וואונדער, פיל מענשען פון ווייטע שטעט זיינען געקומען בעטראכטען דיא נאייע אפפע וואס אנא זארט איז נאך ביז יענער צייט ניט געזעהען געווארען.

דיא וואונדערליכע רייד ווענען דיא אפפע האבען געהערט רבי אבא אונ רבי אליעזר. זייא זיינען אויך געגאנגען אין טהיר גארטען מיט דיא כוונה זייא זאלען קאנען מאכען דיא ברכה "ברוך משנה הבריות"

וויא זייא זיינען געקומען אין טהיר גארטען האט רבי אליעזר

(אבוזאנע)    דערקאנט

דערקאנט אז דיא אפפע איז זיין שוועסטער רוחמה, ער האט איהר בייא דיא יענער אבגעקויפט פאר צגרויסע סומע געלד, אונ ער האט איהר געבראכט צו זיך אהיים.

אלאנגע צייט האט געדויערט איידער זיא האט אנגעפאנגען ריידען וויא אלע מענשען, אונ מיט דער צייט ביסלעך-ווייז איז זיא געקומען צוריק צוא איהר מענשליכען נאטור



## יב.

רבי יהודה אונ רבי יצחק זיינען איין מאל געגאנגען אויף איין וועג צוא זאמען, דער וועג האט זיך פאנ-אנדער געטהיילט, דאס הייסט: אקבייצוועג, האט רבי יהודה געזאגט צו רבי יצחק: מיר וועלען בעססער גיין אויף דעם וועג רעכטס אונ ניט לינקס, וייל רעכטס איז דער וועג גלייכער אונ לינקס איז דער וועג מיט בערג אונ טאהלען, גייענדיג האט רבי יהודה אנגעפאנגען צו ענטדעקען גרויסע סודות אין דער תורה. אוואלקען פון הימעל האט זיך אראפ געלאזען פון אויבען אונ ער איז געגאנגען פאראוים, פיל פייגלען זיינען געפלויגען איבער זייערע קעפף צו הערען דיא היילינע תורה פון דיא היילינע ריינער, אונ דיא בוימער אויף דעם וועג האבען געשאקעלט זיך הין אונ הער פאר אסימן: אז זייא האבען אויך גרוים נחת פון דיא היילינע ריינער.

אויף יענעם וועג האט א אלטער מאן געריטען אויף איין איזעל אונ אקינד איז געגאנגען בייא דעם איזעל, דאס קינד איז שוין גיוועזען מיד פון וועג. — קאנסטו לערנען? -- האט איהם דער אלטער מאן גיפרעגט — יע — האט דאס קינד גיענטפערט — זאג מיר מיין ליבעס קינד וואס האסט דוא היינט בייא דיין רבין גילערענט?

(אבוואנע) ליבער

— לִיבֶּער מַאן — הָאט דָאס קִינְד גִיעֶנְטְפֶערְט — אִיךְ הָאבּ פִיל גִילֶערְנְט, נאָר אִיךְ בִּין יֶעטְצְט זֵייעֶר מִיד, דַארוּם קָאן אִיךְ אַייךְ נִיט זָאגֶען דִיא תּוֹרָה וָואס אִיךְ הָאבּ גִילֶערְנְט, דַארוּם בֶּעט אִיךְ אַייךְ: נֶעהמְט מִיךְ אַרוֹיף צוּ אַייךְ. אוֹיף דֶעם אֵייזֶעל, אָדֶער שְׁטֵייגְט אִיהר אַרָאפּ פוּן אֵייזֶעל אוּנ אִיךְ וֶועל אַבִּיסֶעל בֵייטֶען אוֹיף אִיהם, דֶענְסְטְמָאל וֶועל אִיךְ אַייךְ זָאגֶען פִיל תּוֹרָה וָואס אִיךְ הָאבּ בִּיז הַיינְט גִילֶערְנְט׃

— נֵיין — הָאט דֶער אַלְטֶער מַאן גֶעעֶנְטְפֶערְט — דָאס קָאן אִיךְ נִיט מָאחן, אִיךְ בִּין אַיין אַלְטֶער מַאן אוּנ דוּא בִּינְסְט אַיוּנְגֶער קִינְד, דוּא קָאנְסְט בֶּעקְסֶער וִויא אִיךְ גֵיין צוּ פוּס.

— וואוּ אִיז אַייעֶרֶע רַחֲמָנוּת? הָאט דָאס קִינְד גֶעזָאגְט — אִיךְ בִּין זֵייעֶר מִיד, אִיךְ הָאבּ קֵיין קְרַאפְט מִיט אַייךְ צוּ רֵיידֶען, עֶרְבַּארֶעמְט אַייךְ אוֹיף מִיר, לָאזְט מִיר אַבִּיסֶעלֶע רֵייטֶען אוֹיף דֶעם אֵייזֶעל, אוּנ גִיט מִיר אַשְׁטִיקֶעל בְּרוֹיט צוּא עֶסֶען, דֶען אִיךְ בִּין הוּנְגֶעריג.

— אַז אִיךְ גֵייא אוֹיף דֶעם וֶועג — הָאט דֶער אַלְטֶער מַאן גֶעעֶנְטְפֶערְט — נֶעהם אִיךְ בְּרוֹיט מִיט זִיךְ נאָר וִויפִיל אִיךְ בְּרוֹיךְ צוּ עֶסֶען אַלֵיין, דֶער פוּן קָאן אִיךְ קֵיינֶעם נִיט גֶעבֶּען, וַוייל נָאכְדֶעם וֶועט מִיר פֶעהלֶען אוּנ אִיךְ קָאן נִיט בֶּעטְלֶען׃

אַךְ אִיהר אַלְטֶער נַאר — הָאט דָאס קִינְד גִיעֶנְטְפֶערְט — וַוייסְט אִיהר דֶען נִיט אַז גָאט בָּרוּךְ הוּא קָאן שְׁפֵּייזֶען אַמֶענְשֶׁען דוּרְךְ עֶיינִיג בְּרוֹיט, אַז אִיהר וֶועט גֶעבֶּען צְדָקָה פוּן אַייעֶר בְּרוֹיט, וֶועט אִיהר זַאט וֶוערֶען וֶוען אִיהר וֶועט עֶסֶען אַקְלֵיין שְׁטִיקֶעל בְּרוֹיט.



## יג.

דִיא צְוַויא חֲכָמִים רבי יהודה אוּנ רבי יצחק הָאבֶּען גִיהֶערְט (אבוזאנע) דִיא

דיא לעצטע זעקסטער וואס דאס קינד האט גירעדט, איז דאס זייא געפעלען גיוועזן, זייא האבען גיבעטען דעם קינד ער זאל זיך מיט זייא זעטצען אויף דעם גראז, אונ עסען וואס זייא וועלין עססען, דאס קינד האט זיך אנגעגעסען נאכט אונ אביסעל אבגערוהט, האט ער אנגעפאנגען זאגען סודות אין דער תורה וואס דאס וואלט געפאסט פאר גרויסען תלמיד חכם, דיא צוייא חכמים האבען זיך שטארק גיוואונדערט.

— וועמעס זאהן ביסט דוא? — האבען זייא גיפרעגט.

— מיין פאטער — האט דאס קינד גיענטפערט — האט מען גערופען רבי המנונא, ער איז גיוועזן אגרויסער צדיק אונ ער האט מיט מיר פיל תורה גילערענט. — וויא רבי יהודה האט גיהערט פון קינד נאר זיין פאטער איז גיוועזן, האט ער דאס קינד גענומען אויף זיינע הענד אונ ער האט איהם געטראגען דרייא תחום שבת'ן.

דיא גאנצע וועג האט דאס קינד געזאגט טיפזיניגע תורה אונ גרויסע סודות וואס ער האט גיהערט פון זיין פאטער, דיא צווייא חכמים האבען פון איהם גרויס פערגעניגען געהאט.

— געלויבט אונ גערדאנקט איז גאט — האט רבי יצחק געזאגט — אז מיר האבען זוכה גיוועזן צו הערען פון קינד אזעלכע גרויסע סודות. וואס מיר האבען דאס ביז יעטצט ניט גיהערט.

— אונ איך — האט רבי יהודה געזאגט — האב שטארק מורא פאר דאס קינד, ער זאל חלילה גיט בעשטראפט ווערען פון הימעל פאר וואס ער זאגט אונ ענטדעקט אזעלכע גרויסע סודות פון דער תורה, אמת ער האט פיל סודות גילערענט פון זיין פאטער, אבער ניט אלץ וואס אמענש ווייס דארף ער זאגען, אונ דאס קינד זעהעט פיל. ווייסט אלס אונ ענטדעקט אלע גרויסע סודות. — שרעקט אייך ניט פאר מיר — האט דאס קינד גיזאגט — מיין פאטער עליו השלום איידער ער איז גישטארבען האט ער מיך גיבענשט דאס איך זאל זיין בעהיט פון אלע אונגליקען.

(אבזאגע) נייענדיג

גייענדיג נייטשער אויף דעם וועג האבען זייא גיזעסען דעם אלטען מאן וואס ער האט דאס קינד ניט גיוואלט געבען איין שטיקעל ברויט, זיטצט אויף דעם מיטען וועג אונ וויינט.

— וואס וויינט איהר? האבען זייא איהם גיפרעגט — וואו איז אייער איינעל, אייערע זאכען!

— מיר האט איין אונגליק גיטראפען — האט דער אלטער מאן גיזאגט — רויבער מערדער זיינען מיר דא ניט לאנג בעפאלען, זייא האבען צוגענומען דעם איינעל אונ אלס וואס איך האב געהאט.

דאס קינד האט איהם געטרייסט אונ ער האט איהם אב גיגעבען דיא איבעריגע ברויט וואס ער האט בעקומען פון דיא צווייא גרויסע חכמים. — רבי יהודה איז ענטציקט גיווארע צו זעהען דיא ערנעלקייט אונ גוטהערציגקייט פון דאס קינד וויא ער איז מקיים גאטטעס רייד וואס ער האט גענאנט מען טאר קיין נקמה נעהמען פון מענשען אונ ווען איינער זעהט דאס זיין פיינד איז הונגעריג דארף מען איהם געבען ברויט. רבי יהודה האט גענאנט צום קינד: אויף דיר איז ריכטיג וויא עס שטייט געשריבען פון איין עסטער איז ארויס געגאנגען שפייז אונ פון אשטארקען — זיסקייט, דאס הייסט: אזוי וויא דיין פאטער איז גיוועזען אצדיק אזוי וועסט דוא אויך זיין אצדיק, דער אלטער מאן איז דורך דעם געווארען אבעל צדקה אונ פלעגט זוכען צו מאכען גוטעס.



# ענדע

(אבוזאנע)